I Rok. Gazeta Żydowska Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 19.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.
טעלעפאן נומער 624
איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער=צייטונג
ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.
ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אָדער איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 11 sierpnia 1905. נומר 19. קראקוי, 11 אויגוסט 1905.

## גענאסען, פערשפרייט די „יודישע ארבייטער צייטונג".

## איז אוועק צום קריעג דער מלך...

מ. קאנאפניצקא.

איז אוועק צום קריעג דער מלך
בלאזען אלע שופרות פרעהליך,
שופרות בלאזען, רוישען, ברומען,
אז ער זאל בשלום קומען.

איז זיך סטאך נעגאנגען שלאגען —
האט דער טייך גענומען קלאגען,
און די זאנגען — שטיל צו ציטערן
אויף זיין מזל, אויף זיין בימערן...

אויפ'ן שלאכט־פעלד אונטען, אויבען
פליהען קוילען, — מענשען ליענען;
מלכים שלאגען זיך ווי לייבען,
חלאפעם פאלען ווי פליעגען...

אין דער לופט די פאהנען רוישען
און די מחנות געהען ווייטער —
סטאכען האט א קויל געטראפען,
ס'קומט צום שלאס דער מלך הייטער.

ווי געקומען איז דער מלך,
עפנען זיך די טוירען פרעהליך
די טראמפייטען קלינגען, שאלען
און די זין שיט מיט שטראהלען.

ווי מען האט גענומען גראבען
פאר דעם סטאך א גרוב, דאן האבען
שטיל געוויינט אין פעלד די גראזען
און א ווינד האט צו געבלאזען.

R.

## די וואהלען צום ציוניסטישען קאנגרעס.

ביי די היינטיגע וואהלען האבען די ציוניסטען געהאט א קאמפף אויף צוויי פראנטען: מיט די טעריטאריאליסטען פון איין זייט און מיט די פועלי ציון פון דער צווייטער זייט. טעריטאריאליסטען איז אין גאליציען כמעט נישא, דער גאנצער קאמפף האט זיך אלזא געווענדעט גענען די „פועלי ציון". עס האבען ניט געהאלפען זייערע הודעות און רעזאלוציאנען, אז זיי זענען אמת'ע ציוניסטען, ריינע, פאלעסטינער. די הערשענדע ציוניסטישע פארטיי האט זיי בעקעמפפט מיט אלע מיטלען. און ווייל די הינע ציוניסטען נעהמען אנטהייל אין די גאליציאנער וואהלען, ווייסען זיי שוין ווי מען מאכט וואהלען. אין דעם „יודישען ארבייטער" נומר 12 געפינען מיר א בעריכט פון א רייהע שטעדט אין גאליציען, וואו די ציוניסטען האבען מיט אלע מכשירים בעקעמפפט די „פועלי ציון". זיי האבען אלזא ערשטענס בעשטימט די וואהלען אין א וואכען טאג און צווייטענס, זיי האבען אזוי איינגעטהיילט די וואהל־גרופען, די פועלי־ציון זאלען איבעראל בלייבען אין דער מינדערהייט. זיי האבען נור ניט בענוטצט קיין זשאנדארמען און זעלנער, ווייל... זיי האבען קיין מאכט ניט. מיר וועלען ברענגען א פאר ציטאטען:

„פון סטאניסלוי שרייבט מען אונז: דער דארטיגער דיסטריקט־קאמיטע האט געשריגען, ווייל דער פעראיין הייסט „אחוה" זענען די מיטגלידער ניט קיין „פועלי ציון", דאדורך מוזען זיי שטימען אויף דעם רבי ר' ברוידע און זיי טארען ניט אויפשטעלען די קאנדידאטור פון דר. דוד מאליץ. דעם וואהלטאג האט מען בעשטימט אויף דאנערשטאג, נור ערשט ווען אונזערע חברים האבען פראטעסטירט, איז דער דיסטריקט־קאמיטע מרוצה געווארען און בעשטימט פאר זונטאג, נור שוין מיט אנ'אנדער ספעקולאציע. דהיינו: פריהער איז געווען בעשטימט, דאס די פעראיינע „אחוה", „יהודית", „שטודענטען" און די שקל צאהלער פון די שטעדטליך באלשאווצע און בורשטין, האבען געבילדעט איין וואהל גרופע, ווי זיי זענען אבער געוואהר געווארען, דאס מיר שטעלען אויף די קאנדידאטור פון חבר דר. דוד מאליץ אויס בערשטין, האבען זיי תיכף דאס טעפיל סמעטענע איבערגעקעהרט און צוזאמענגעשטעלט איין וואהל גרופע פון דעם בירגער פעראיין ארץ־ישראל, מיט די שטעדט באלשאווצע, בורשטין און די שטודענטען פון סטאניסלוי, וו מען וואלט געווען געשטימט פאר דר. מאליץ, און צו די פעראיינע „אחוה" און „יהודית" צוגעטהיילט דעם „בעל־הבתי'שע מערכען פעראיין רחל" און „Młodzież polska" און עטליכע אויסערהאלב פעראיינע שטעהענדע קעלנערס פון די קאפע הייזער, אין וועלכע עס פערקעהרען די מיטגלידער פון ד. ק. די אלע „וואהלער" האט מען מיט פיאקרעס געבראכט צו פיהרען צו דער וואהל־אורנע. א חוץ דעם האט מען צוגעלאזט שטימען 15־16 יעהריגע וועהלערינען. זעלבספערשטענדליך איז דר. מאליץ דורכגעפאלען. און ווען אונזערע חברים האבען שריפטליך פראטעסטירט און עס איז דורך דעם ד. ק. געשיקט צום לאנדעס־קאמיטע, זענען זיי אין דער לעצטער שפעטסטער מינוט געוואהר געווארען, אז דער דיסטריקט־קאמיטע האט דעם פראטעסט ניט איבערגעשיקט..."

„פון רזעשאוו שרייבען אונזערע חברים: „עס איז געווען א גאליצישע וואהל־מאכעריי, דאך איז דער בירגער־קאנדידאט געוועהלט געווארען מיט וויינינע עטליכע שטימען מעהר, ווי עס האט געהאט אונזער קאנדידאט".

די „סועלי־ציון" מיט זייער „צענטראל־ארגאן" זענען נאך נאטירליך בייז און נאך מעהר רעגט זיי אויף דער „ווסכוד", וועלכער לאכט נאך פון זיי אב. דאס האבען שוין אונזערע „פועלי־ציוניקעס" ניט געקענט אריבערטראגען. אין דעם נומער גיסען זיי אויס דאס גאנצע ביטער הארץ אויף דעם גאליציאנער „צענטראל־ארגאן", פערגעסענדיג, אז... זיי געהערען צו איין פארטיי.

נור דאס איז נאך גאר ניט אין פערגלייך מיט דעם, וואס האט זיך געטהון אין רוסלאנד. א שטיקעל פארהאנג האט אויפגעדעקט דער בעריכט פון לעגיטימאציאנס־אויסשוס. מיר לעזען דארט:



## Zofia Biesiadecka

Oświęcim.



Przez Wysokie ck. Namiestnictwo koncesyon.

## Biuro PODRÓŻY Zofii Biesiadeckiej

Oświęcim (dworzec)

sprzedaje bilety okrętowe

**do Ameryki**

I., II. i III. klasy dla parostatków pospiesznych, oraz bilety kolejowe dla kolei północno-amerykańskich we wszystkich kierunkach.

**Ceny ściśle wedle taryf okrętowych i kolejowych**

**Bilety okrętowe do Kanady**

**i bilety kolejowe kanadyjskie.**

Prospekty darmo i opłatnie.

---

## Tajny memoryał kuratora warszawskiego Szwarca

w sprawach szkolnych

Cena 1 kor. Cena 1 kor.

## Strejk polityczny w Królestwie Polskiem

Cena 2 kor. Cena 2 kor.

Do nabycia we wszystkich księgarniach oraz administracyi „Naprzodu" i „Przedświtu" (Kraków, Grodzka 50). Zwracający się wprost do administracyi, nie ponoszą kosztów przesyłki.

---

## = F. MISSLER, BREMEN. =



## CESARSKIE PAROWCE

„Kaiser Wilhelm II." 215 metrów długi
„Kronprinz Wilhelm" 202 metrów długi
„Kaiser Wilhelm der Grosse" 198 metrów długi

**jadą z Bremy do Nowego Yorku 6 do 7 dni.**

Odjazd we wtorki.

Cesarskie parowce jadą tylko z **Bremy**, kto więc chce cesarskimi parowcami jechać, **może zupełnie swobodnie bez przeszkody podróżować**, nikt nie ma prawa zabronić mu tego. Każdy powinien już w domu postanowić w jakim kierunku jechać zamierza i nie powinien w drodze dać się namówić, lub odwieść od swego zamiaru.

**Każdy ma swoją wolną wolę i może za swoje pieniądze podróżować dokąd chce.**

W każdym jednak razie należy się zawczasu postarać o miejsce na statku, a dla zapewnienia tegoż należy wcześnie nadesłać na mój adres 20 koron zadatku.

**F. Missler, Bremen, Bahnhofstrasse 30.**

---

צו בעקומען אין אלע גרעסערע געשעפטען

## PARVEOL

!!

די ריינסטע

גווראנטירטע

פפלאנצונגס

פוטער

פארטרעט פאלשטענדיג
דאס נאטירליכע פוטער.

גויטהיג אין יעדער יודישער
קעך צום קאכען, פרעגלען
און באקען.

און דער פאבריק פון יאנ. זינגער אין ביעלסק (עסטרייכישע שלעזיען).

דער גענ. פערטרעטער פיר גאליציען און בוקאווינא:

**Simon Loria, Kraków, Sebastayna 20.**

---

Do

## Ameryki!

**jakoteż do innych zamorskich krajów przeprawia najtaniej powszechnie znana firma**

## B. Karlsberg, Hamburg

Ferdinandstr. 15.

**☞ Nim kto szyfkartę kupi, niech porówna moje ceny z cenami agentów okrętowych.**

---

## Skład Piwa Karwinskiego

Jego Eksc. hr. Larisch-Mönnich'a

Kraków, ul. Poselska 15 — Telefon 431

poleca P. T. Publiczności swoje wyśmienite piwa

jako specyalność

**PIWO ZDROWOTNE**

**à la Kulmbachskie**

**(Granatbräu)**

**I PIWO CESARSKIE**

**à la Pilzneńskie, beczkowe i butelkowe.**

jako specyalność

**Wysyłka do domu. — O liczne zamówienia uprzejmie uprasza**

***Skład Piwa Karwińskiego***

Wydawca i odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross. Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie

נעווען אויף יאגד, האָב איך איהם פלוצלינג פערלאָרען. איינינע שטונדען שפּעטער האָב איך איהם נעפונען ציבּיסען פון שמיים־פלינען און פול פון זייערע אייער. וואָס איז נעווען? דער הונד האָט נעכאַפּט אַ הירש און איהם נעטויטעט, דערביי האָט דער הירש איהם צושטאָכען מיט די הערנער און דער הונד האָט פערלאָרען אַ סך בלוט לויפענדיג, ביז ער איז געבליבען ליגען זעהר אָבנעשוואַכט פון בלוט־פערלוסט. די וואונד האָט זיך אָבער דאן שוין ניט געזעהען. אָבער די שמיים־פלינען האָבען יעצט נעוואוסט אַז דיזער הונד איז יעצט אַ קראַנקער אין זיי האָבען זיך אָנגעזעצט אויף איהם.

„און נאָך מעהר וואונדער: דיעזע פלינען פלעגען זיך אנזעצען אפילו אויף גאַנץ געזונדע חיות, ווי באַלד נאָר דיזע חיות האָבען זיך פערטשעפּעט מיט אַ פוס אָדער מיט'ן עק אין אַ קלאָטקע. די פלינען האָבען אלזאָ נעוואוסט, אַז די חיה איז נעפאַנגען".

אַז אַ בער זעהט אַ געזונדען הירש, וועט ער איהם ניט טשעפּען. אַז ער בענעגענט אַ קראַנקען הירש, ווייסט דער בער שוין פון ווייטען, אַז ער איז קראַנק און וואַרפט זיך אויף איהם. דאָס זעלבע איז מיט די היעניע און אַן אנטילאָפּ.

דיזע אַלע וואונדער פון די חיות ערקלעהרט דער פאָרשער טהעאדאר צעלל נאָר פשוט מיט זייער גוטען „שמעקער": די ברואים האָבען אַ סך שטאַרקערען חוש הריח ווי דער מענש. וואָס פיר דעם מענשען איז זיין אויג, דאָס איז פיר דיעזע טהירע זייער נאָז.

דאָס אויג קען אין אַ נעדיכטען נעביל און די פינסטער גאָר ניט העלפען; די נאָז „זעהט" — דאָס הייסט דערשמעקט — אפילו אין די נעדיכטעסטע פינסטערנים.

דער מענש מיט זיין נרעבערן חוש הריח הויבט נאָר ניט אָן צופיהלען מיט זיין נאָז קיין אונטערשיעד צווישען דעם וועג אָדער יענעם, צווישען אַ נעזונדען קערפּער אָדער אַ קראַנקען, צווישען אַזוי אַ פעלד אָדער אַ קבר; אָבער ווי אַ שמעק־הונד שמעקט מיט זיין נאָז דעם סליאַד וואו אימיצער איז נענאַנגען, ווייסט דאָך יעדער, איז דאָך הפנים דאָ צו שמעקען אַן'אונטערשיעד אפילו אין אזעלכעס, וואו דעם מענשענס נאָז דערשמעקט גאָר ניט קיין אונטערשיעד. אלזאָ, פונקט ווי אַ בלויזע אויג זעהט גאָר ניט דאָ, וואו דורך אַ מיקראָסקאָפּ זעהט מען גאַנצע לעבעדיגע וועלטעלעך, אַזוי וואָלט מען אפשר, ווער ווייס, נעקענט דערשמעקען אַן אונטערשיעד אפילו פון די זייט צייטונג, ביז יענע זייט, ווען עס וואָלט געקענט זיין אַ מין „מיקראָסקאָפּ" פאַר'ן נאָז.

נו, חיות האָבען פון נאַטור אזא „מיקראָסקאָפּ" פאַר'ן נאָז, דערשמעקען זיי וואָס מיר מענשען האָבען נאָר קיין אהנונג ניט דערפון. און אזוי ווי ביי זיי איז דאָס שמעקען דער עיקר, פונקט ווי ביי אונז דאָס זעהן, קומט ארויס אַן'איינדרוק אַז די חיות „זעהען" „גייסטינע" זאַכען, וואָס פיר דעם מענשען זיינען זיי רואה ואינו נראה'דיג.

ניט בלויז מיט'ן נערוך צייכנען זיך אויס לעבעדיגע ברואים. אַנדערע ברואים ווידער האָבען אַ בעסערע אויג ווי דער מענש. למשל דער אדלער. עס זיינען דאָ פלינעלעך וואָס ווערן צוגעצויגען צו מוזיק.

פיעלייכט איז דאָ עטוואס אמת אין דעם וואָס מען דערציילט פון מענשען וואָס קענען מאַכען אַז אַלע מייז זאָלען זיי נאָכלויפען, ווען זיי זינגען זוי אַ ליעדעל; און אין די „בעשווערונג" פון שלאַנגען דורך געזאַנג.

וואָס איז דען אין דעם, וואָס די מאָטילען פליהען אריין אין פייער ביז זיי ווערן פערברענט? דאָס צייגט דאָך אויך אין דיעזע פלינעלע אַ מערק־ווירדונע צוציהונג צו ליכט, אין אזא גראַד, וואָס איז אונז מענשען גאָר ניט בענרייפליך.

הכלל, זעהט מען דאָך אַז עס זיינען דאָ וואונדערליכע איינענשאַפטען אין לעבעדיגע ברואים — איינענשאַפטען וואָס מאַכען זיי דערפיהלען אזעלכע אונטערשיעדע, וואָס מיר מענשען קענען זיי גאָר ניט בענעהמען.

אָבער וועלכער מענש וועט דאָס זעהן אין דעם שמעקען פון זיין שמעק הונד עפּיס איבערנאַטירליכעס? עפּיס פון די רוחות וועלט?

אין דעם וואָס ער זעהט געוועהנליך, זעהט דער מענש גאָר קיין נסים ניט. זעהט ער אבער אזא זאך זעלטען — אהא, נסים ונפלאות!

געוויס, דער מענש פערשטעהט נאָך ניט די אורזאַכע פון די איינענשאַפטען פון לעבעדינע בעשעפענישען. אָבער דאָך, נאַטירליך זיינען זיי. און זיי ווירקען נאר וואו עס איז דא עפּיס „כנשמיות" צו שמעקען, צו זעהן, צו הערען אדער צו פיהלען. דאן קענען די חיות דאס מאַנכע מאל שמעקען, פיהלען א. ז. וו. וואו דער מענש קען דאס ניט.

א מלאך קען נאר זעהן — אן אייזעל...

ב. פיינענבוים.

---

# פון פראווינץ.

פשעמישל.

## דאס בלוט פערגיסונג: די פראוואקאציאן פון דער פאליציי.

זייט איינינע וואָכען שטעהט אונזער שטאָדט ווי אויף אַ וואולקאַן. די אַרבייטער האבען זיך נאָך ניט בערוהיגט פון דער אויפרעגונג, צו וועלכער

---

— זי איז אַ צו־היצינע, אַ צוקאָכינע... דאָס טויג ניט... מען דאַרף זיין אַ ביסעל געלאַסענער — פלעגט ער ארויסזאָגען זיין מיינונג וועגען איהר.

ביי זאַלצבערג'ען איז געווען אַ גאַנץ פרעהליכע הויז. אין אָבענד פלעגען זיך אהין צונויפקומען פיעלע יונגע מענשען. מען פלעגט ריידען וועגען פערשיע־דענע שטאַדט־אנגעלעגענהייטען, וועגען פּאָליטיק, ליטעראַטור, קונסט, טהעאַטער א. ז. וו. יעפים לאַזאַרעוויטש פלעגט וועניג וואָס אנטהייל נעהמען אין די געשפּרע־כען. ער פלעגט זיצען רוהיג, צוגעהערט זיך צו די דעבאַטען אָהן אַ שום אינטע־רעס און די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— אַ גאַנץ אנגענעהמע הויז ביי לעאָן מאַאיסעיעוויטש'ען — פלעגט ער אָפט צו זיך אַליין רעדען — דער זוהן זיינער אפילו דער סטודענט, געפעלט מיר ניט.... ער איז שוין פון דער חברה... פע, אַז נביר'ישע אָדער אַזוי בעל־הבית'ישע קינדער מישען זיך אין אַזוינע געשעפטען!... וואָס איז דאָס זייער זאַך? דאַכט זיך ער האָט געקענט לעבען רוהיג, דאַרף ער אַליין קריכען אין פייער.... מ' דאַרף זיין פאָרזיכטיג, מ' דאַרף זיין מיט איהם פון ווייטען.... מאַלע וואָס עס קען זיך מאַכען!... נאָר וואָס האָט דאָס אפילו צו מיר? איך געה דאָך ניט צו איהם, איך געה צו לעאָן מאַאיסיעוויטש'ען...

אָט אַזוי האָט זיך געלעבט יעפים לאַזאַראַוויטש קליינמאַן און האָט זיך גע־היט, דאָס קיין שפּרינקעל זאָל אויף איהם ניט פאַלען. פון ניין אין דער פריה ביז פיער פאַר־נאַכט האָט ער געאַרבייט אין באַנק. נאָכדעם פלעגט ער קומען אויף זיין קוואַטיר, אויסגעטהון דעם שוואַרצען סורדוט, פאָרזיכטיג אויפגעהאָנגען איהם, אַרויפגעצויגען אויף זיך דעם העלען פּידזשאַק, אין וועלכען ער פלעגט אַלע מאָל אַרומגעהן אין שטוב, און פלעגט זיך אוועקזעצען עסען און געגעסען האָט ער שטיל, פּאַמעלאַך, מיט אַ רוהיגען קאָפּ. נאָכ'ן עסען פלעגט ער אַריין צו זיך אין צימער, אָבגעפּילעט די סאָפקע, און זיך אַוועקגעלייגט לייענען די „בירזשעוויא וויעדע־מאָסטי" און דעם „הצפירה".

אַ צייטונג דאַרף מען לייענען... עס שאַדט ניט צו וויסען וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט — פלעגט ער אָפט זאָגען — איך ווייס... דאַרטען... ביכער צו זשורנאַלען איז רעכט אַז ניט... די קאָפּ איז רוהינער...

די גאַנצע צייט, וואָס ער פלעגט לייענען, פלעגט זיך ביי איהם דער פנים ניט ענדערן, האָט קיינע בעוועגונגען ניט געמאַכט, קיינע התפּעלות ניט געקריגען. אויף זיין פנים האָט אַלץ גערוהט דיזעלבע געלאַסענהייט, דער זעלבער קאַלטער שמייכעל וואָס אַלע מאָל.

קאַטשענדיג לייענען, פלעגט ער אויסשטעלען די אויגען און קוקען... ס'איז דאַמאָלס געווען גלאָט שווער צו בעשטימען, צו דער מענש טראַכט עפּעס צו ניט. נאָר אַ קוקהאַנדיג אויף איהם, האָט מען געקאָנט איבערלייענען אויף זיין פנים: 'גוט... אַלץ אין דער וועלט איז גוט.... טשעפּעט מיך ניט. איך וועל אייך ניט טשעפּען... זאָלען אַלע זיין רוהיג..."

און דאָס איז טאַקי געווען זיין פילאָזאָפישע וועלטאַנשויאונג. ער פלעגט פיעל מאָל אין אַ געזעלשאַפט ביי אַ געלעגענהייט זאָגען:

— איך דענק, אז,... איך האָב געוואָלט זאָגען... אודגם... די בעסטע מדה איז: שלי — שלי ושלך — שלך... נאָר נישט... ווען די וועלט וואָלט זיך אַזוי אויפפיהרען, וואָלטען מיר צו קיינע אונגליקען ניט געקימען... נאַרנישט... יעדערער דאַרף טראַכטען וועגען זיך...

אָט אַזוי פלעגט ער אָבלינען ביי אַ האַלבע שעה, נאָכדעם פלעגט ער אויפ־שטעהן, איבערגעטהאָן זיך און אַרויסגעגאַנגען אין גאַס שפּאַצירען אַ ווײַלע.

די אָבענדען פלעגט ער דאָס־רוב פערברענגען ביי לעאָן מאַאיסייעוויטש'ען אָדער ביי זיך אין דער היים, וואו ער פלעגט שפּיעלען אין „שאַשקעס" מיט דער בעל־הבית'טעס זוהן. צוועלף פלעגט ער זיך לייגען שלאָפען און פלעגט שלאָפען שטאַרק רוהיג...

און אַזוי וואָלט אפשר געפלאָסען זיין גאַנצער לעבען ווי עס וואָלט מיט

„ניט אומעטום זענען די וואהלען צוגעגאנגען ווי געהעריג. בעטראַכטענדיג די פּראָטעסטען און פּראָטאָקאָלען האָט דער „אויסשוס" געפֿונען אז אין דריי שטעדט איז אויסגעקליבען געוואָרען מיט איין דעלעגאַט מעהר, ווי מען האָט דאָרט געדאַרפֿט אויסקלויבען לויט דער צאָהל שקלים... פֿון אנדערע דעלעגאַטען ווייס מען, אז זיי זענען יונגער פֿאַר 24 יאָהר, נור אזוי ווי די קאָמיסיע האָט ניט געקענט פֿאָדערן פֿון זיי פּאַספּאָרטען אָדער מעטריקעס, האָט זי עס ניט געקענט קאָנטראָלירען און זי בעט זיי, זיי זאָלען זיך אַליין אָבזאָגען פֿון די מאַנדאַטען". נור דאָס האָט געזאָגט דער רעפֿערענט פֿון דער מעהרהייט, די טעריטאָריאַליסטען, נעגען וועלכע מען האָט הויפּטזעכליך געקעמפֿט האָבען פֿיעל שוואַרצער פֿאַרגעשטעלט דאָס בילד. זיי ווייזען אויף, אז די צאָהל פֿון די מאַנדאַטען איז קינסטליך פֿאַרגרעסערט געוואָרען אויף אנדערטהאַלבען מאָל, זיי פֿאָדערן דעריבער: „מען זאָל ערקלעהרען אַלע רוסישע מאַנדאַטען פֿאַר ניט ריכטיג". נאַטירליך האָט עס דער קאָנגרעס אָבגעוואָרפֿען.

צו דעם שפּריכוואָרט „גאַליציאַנער וואַהלען" וועט מען שוין קענען צוגעבען „ציוניסטישע וואַהלען".

# מיט וואָס חיות „זענען מעהר מענש" ווי מענשען.

אין פּסוק שטעהט אַז ווען בלעם, דער נביא, האָט נאָך ניט געזעהען דעם מלאך, וואָס איז איהם אַנטקעגען געקומען, האָט בלעמ'ס אייזעל שוין געזעהען דעם הימלישען גייסט.

די גמרא דערצעהלט, אַז דער אייזעל פֿון ר' פּנחס בן יאיר האָט דערקענט אָן די האָבער וואָס מען האָט איהם געגעבען צו עסען, אַז עס איז דערפֿון נאָך ניט אַראָבגענומען געוואָרען קיין מעשר און ער האָט ניט געוואָלט עסען.

די קריסטליכע הייליגע ספרים דערצעהלען, אַז וואו קריסטוס האָט זיך אַמאָל בעוויזען זענען די שעפּסעליך געפֿאַלען קניען פֿאַר איהם. די מענשען אָבער האָבען איהם ניט געזעהען.

ביי אַלע פֿעלקער, אין זייער פֿינסטערע אונוויסענהייט, האָט מען געגלויבט, אַז בהמות און חיות זעהען אַמאָל „גייסטיגע" זאַכען, וואָס דער מענש זעהט ניט.

דערפֿון איז דאָך דאָס געקומען, וואָס מען האָט געהאַלטען פֿאַר געטליכעס אַלערליי חיות און בהמות, אַזוי ווי מען האַלט נאָך היינט ביי די קאַרעער דעם עלעפֿאַנט פֿאַר אַ היילינגטהום, אָדער ווי ביי יודען אין געווען אין קדשי קדשים פֿון בית המקדש הייליגע בילדער פֿון צוויי פֿייגעל (כרובים).

דער גלויבען, אַז די חיות האָבען אין זיך עטוואָס געהיימניספֿאָלעס, וואָס מאַכט זיי זעהן איבערנאַטירליכעס, גייסטיגעס, וואָס דער מענש קען ניט זעהען — דיזער גלויבען שטאַמט פֿון ווירקליכע נאַטור פֿאַקטען.

אַ מענש קען אין אַ געדיכטען נעבעל, אָדער ביי נאַכט ווען עס איז שטאַרק פֿינסטער, זיין וועג ניט טרעפֿען; אַ פֿערד, אַן'אייזעל, אַ הונד קען יאָ.

אין בעהמען נאָהענט פֿון גלאָזערסדאָרף, איז מיט איינינע צייט צוריק פֿאָרגעקומען אַזאַ מערקווירדיגע געשיכטע: אין הערבסט איז פֿערשוואונדען געוואָרען איינער אַנטאָן סידאַ, אַ געזעל פֿון אַ קצב. זיין בעל הבית האָט איהם געשיקט קויפֿען בהמות און האָט איהם מיטגעגעבען 500 קראָנען, איז ער ניט צוריקגעקומען. מען האָט איהם אויסגעזוכט וואו די וועלט האָט אַן'ענד — ניטאַ! קיין סימן ניט! מיט פֿינף חדשים שפּעטער האָט אַ פּויער געאַקערט מיט אַ פֿערד אין פֿעלד. פּלוצלינג שטעלט זיך דאָס פֿערד אָב אין מיטען פֿעלד און — האַק און שנייד — ער ריהרט זיך ניט פֿון פֿלעק. דער פּויער איז געווען אַבערגלויביש, האָט ער געזאָגט אַז דאָ מוז עפּיס זיין אונטער דער ערד. האָט ער געגומען גראָבען — און ווירקליך! דער פֿערשוואונדענע קצב איז דאָרטען געווען בעגראָבען! דער פֿערד, אַלזאָ, האָט ענטדעקט אַ מאָרד, וואָס וואָלט פֿון מענשען קיין מאָהל ניט געקענט ענטדעקט ווערען!

ווען יענער דערשיסען אַ הירש און ער אַנטלויפֿט אין וואַלד און פֿאַלט ערגיץ טויט צווישען די געדיכטע בוימער און די יעגערס קענען איהם ניט געפֿינען, העלפֿען זיי זיך מאַנכע מאָל מיט אָקסען. (אַז די הינד קענען דאָ העלפֿען דאַרף מען דאָך ניט דערצעהלען, נאָר אַז קיין הונד איז ניטאַ, קענען די אָקסען אויך ניצען). מען צוטרייבט אָקסען אין וואַלד, און ווען איין אָקס קומט נאָהענט צום טויטען הירש, הויבט ער אָן משוגה'ריג צו פֿריטשען, אפּילו ווען ער זעהט איהם נאָך גאָר ניט.

עס זענען דאָ פֿליגען וואָס געפֿינען אויס פֿיר דעם מענשען, וועלכע בהמה איז אַ געזונדערע און וועלכע אַ קראַנקע: פֿון געזונדע פֿליהען די פֿליגען אַוועק, אויף קראַנקע שטעלען זיי זיך אַרויף.

דער נאַטור בעאָבאַכטער העגזעל בעשרייבט פֿאָלגענדעס וועגען די שמייספֿליגען אין בראַזיליען.

„איך האָב געהאַט אַ גרויסען שטאַרקען הונד, וואָס די שמייס־פֿליגען האָבען איהם קיין מאָהל ניט געביסען. איין מאָהל ווען איך בין מיט איהם

# פֿעליעטאָן.

oooo

## זיין רוהע געשטערט

פֿון

לעאָן עלבע.

---

יעפּים לאַזאַרעוויטש קליינמאַן איז געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ באַנק, האָט גענומען גאַנץ פֿיינע שכירות און האָט זיך געלעבט גאַנץ רוהיג.

ער איז געווען נאָך אַבחור פֿון אַ יאָהר דרייסיג, פֿון מיטלען וואוקס מיט אַ בייכעל, אַ שוואַרצליכער פּנים, אַ שוואַרצע בערדעל. געשאָרען אַ לאַ נאַפּאָלעאָן [3], אַ נאָז עטוואָס מיט אַ הערבעל, אויף וועלכען עס זענען שטייף געזעסען אַ פּאָאַר ברילען.

ביים ערשטען קוק אויף איהם, אויף זיינע בגדים, וועלכע זענען געווען אויף איהם ווי אויסגעגאָסען, אויף זיינע שמאַלציגע רוהיגע אויגען, וועלכע האָבען פֿאַרדיכטיג און פֿערדעכטיג געקוקט פֿון אונטער די ברילען, אויף זיינע וואָרגעפֿעלטיג פֿערקאַמטע האָאָר, אוים'ן קאַלטען שמייכעל, וועלכער האָט שטענדיג גערוהט אויף זיינע דינע פֿעסטצוזאַמענגעפּרעסטע ליפּען, האָט מען געקענט פֿערשטעהן, דאָס מען האָט דאָ צו טהון מיט אַ מענשען, אַ צופֿריעדענעם, אַ רוהיגען, אַ'ן אַקוראַטנעם און אַ פֿאָרזיכטיגען, ביי וועלכען אַלץ איז געווען אויסגערעכענט אויפ'ן האָאָר. ניט געטהאָן אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין.

נעהן פֿלעגט ער געלאַסען, געצעהלטע טריט, די קאָפּ געהאַלטען ניט הויך, ניט ניעדריג און פֿלעגט זיך אָפּט אַרומקוקען אויף אַלע זייטען; ווען ער פֿלעגט זיך דאַרפֿען זעצען, פֿלעגט ער זיך אַ פֿריהער גוט אַרומקוקען. בעטראַכטען אַלץ און דערנאָך זיך אַוועקגעזעצט רוהיג, פֿאָרזיכטיג, ניט געחאַפּט. רעדען פֿלעגט ער ווייניג, נאָר ווען ער פֿלעגט שוין יאָ אָנהויבען צו ריידען אויף זיין „ביי־קול", פֿלעגט ער ניט זאָגען גלייך וואָס ער מיינט, נאָר מיט הקדמות. מיט האַלבע ווערטער, אונטערגעשטאַמעלט און געשמייכעלט דערביי. אַז מען פֿלעגט עפּעס ביי איהם פֿרעגען, פֿלעגט ער דאָס־רוב ניט ענטפֿערן בעשטימט. נאָר צושמייכלענדיג פֿלעגט ער אַרויסשטאַמלען: „אוהם"..... און בשום אופן האָט מען ניט געקענט וויסען, צו ער מיינט עס „יאָ" צו „ניין".

געלעבט האָט ער איינפֿאַך, אָדער ווי ער אַליין פֿלעגט זיך אַרסדריקען: „סקאָמנע". דאָס איז ניט געווען דערפֿאַר, ווייל ער איז בטבע קאַרג, נאָר ווייל ער האָט געפֿונען, דאָס אַזוי לעבען איז בעסער רוהיגער.... ער האָט ניט גערויכערט, ניט געטרונקען, ניט געשפּיעלט אין קאָרטען, געגאַנגען ווייניג וואָס אין טהעאַטער. כמעט ווי אויסגעמידען צופֿיעל טומעלדיגע קאָמפּאַניעס, אַ חוץ וואָס ער פֿלעגט אַריינגעהן צו לעאָן מאַאיסייעוויטש זאַלצבערג, דעם קאַססיר פֿון באַנק. פֿון דער זייט, האָט מען גערעדט, דאָס ער נעהמט אהינצו אַריין צוליעב זאַלצבערג'ס עלטערע טאָכטער, זשעניע, אַ מיידעל, וואָס האָט געענדיגט גימנאַזיום, אַ לעבעדיגע, אַ פֿרעהליכע...

'עס קען זיין, דאָס זי איז איהם געפֿעלען געווען, נאָר זאָגען, דאָס ער איז אין איהר געווען פֿערליעבט, קען מען ניט. אַזוינע מענשען ווי קליינמאַן זענען ניט פֿעהיג צו ליעבען — זיי נעהמען אַ ווייב. קליינמאַן האָט טאַקי גערעדט אָפֿט וועגען אַ רוהיגען און פֿריעדליכען פֿאַמיליען־לעבען, נאָר ער האָט זיך ניט געאיילט, און ס'איז אַ גרויסער ספק צו ער וואָלט זאַלצבערג'ס טאָכטער נאָר גענומען פֿאַר אַ ווייב.

לעמבערג איז געוועזן דער טרויער רעדנער. ער האט געשפּראָכען פון אלעם און פון גאָר נישט. נאָך דער אנדאכט האט מען פערקינדעט דאס עס וועט זיין א פאלקספערזאמלונג מיט איינלאדונגס קארטען. צו דער פאלקס פער־זאמלונג זיינען געקומען 8 פריילין, 10 אקאדעמיקערס 12 האנדעל שילער אין עטליכע גימנאזיאלשילער. דער רעפערענט ה. הערץ האט ארום געשפּראָ־כען דאס פועלי ציון פראגראם, — וואס זיי האבען נישט, — פיעל מיט משלים פון דעם דובנער מגיד, ער האט אין זיין רעדע בעהויפּטעט, דאס נור די האנדעלס אנגעשטעלטע דורך זייער אינטעל·גענץ זענין פעהיג צו פער־שטיין דעם פועלי ציון פראגראם, דער גענאסע בעבעל איז דער גרעסטער אנטיסעמיט, דען ער האט בעהויפּטעט דאס די פאגראמען זענין נייטיג, סאָ־ציאליסטישע ארבייטער זענין געקומען צו די ציוניסטישע פיהרער אין האבען זיי געבעטען, דאס זיי זאלען איוף שטעלען קאנדידאטען אין די לעמבערגער קראנקען קאסא, דען זיי קענען ניט דאס אונרעכט צו זעהן, וואס קימט יעדען טאג פאר, גענאסע סאלאמאנדער האט זיי 20 מאנדאטע געוואלט געבען, אין זיי האבען ערהאלטען 200 שטימען ביי דער וואהל. זיי וואלטען נאך מעהר ערהאלטען, ווען מען זאל געוועזן צושטעלען די לעגיטימאציאנען! די צוהערער האבען אויף יעדע לצין אין לינען געקלאפּט בראווא. דער צווייטער רעדנער ה' קאטץ האט בעהויפּטעט, דאס די אגראר פראגע האט א איינפלוס אויף די יודען פ־אגע פיעלייכט אזוי? דאס די יודען זענען תבואה סוחרים. גענאסע ס. האט נאכגעוויזען מיט היסטארישע פאקטען דאס די יודען קענען נישט מעהר אין דעם ים שפּרינגען, פון וועלכען זיי קריכען לאנגזאם ארויס. גענאסע וויינטרויב האט איינינע לינען ריכטיג געשטעלט. די קולטור מאכט אויך ביי אונז אין סאמבאר פארטשריטע. נאך דער פאליטישען רעדע פון ה' הערץ וועט דער קולטוסגעמיינדע נישט אנדערס איבריג בלייבען, ווען זי וויל אינפארטייאיש זיין, אונז די שוהל אויף פאלקס־פערזאמלונג צו געבען!

אראלף סאנדאווער.

טארנאוו דעם 31-טען יולי

זונטאג דעם 30־טען יולי אם 8 אוהר אבענדס איז אים ארבייטער פעראיין אבגעהאלטען געווארען א פערזאמלונג פון די יודישע האנדעלס־אנגעשטעלטע מיט דער טאגעס ארדנונג: די לאגע און די פאדערונגען פון די האנדעלס אנגעשטעלטע. פינקטליך אום אכט אוהר איז דאס פעראיינס־לאקאל געוועזן פון ארבייטער און האנדעלס־אנגעשטעלטע איבערפולט. גע־עפענט האט די פערזאמלונג גענ. הערשאנדא, צום פארזיצענדען האט מען אויסגעוועהלט גענ. שטערנהיים און צום סעקרעטער גענ. נייס. צום ערשטען פונקט האט רעפערירט גענ. איינגאטץ גראס פון קראקוי. אין א צוויי־שטונדענער רעדע האט ער די האנדעלס־אנגעשטעלטע אויסגעוויזען, ווי נויט־היג א שטארקע ארגאניזאציע איז, ווי נויטהיג עס איז, אז אלע זאלען ווי איין מאן צו טרעטין צום פערבאנד. דאן וועט עס זיי לייכט אנקומען די אבענדשפערע אויסצוקעמפפען. נאכהער האט גענ. גראס ארומגערעדט די לאגע פון די האנדעלס־אנגעשטעלטע, ווי אזוי זיי זענען אויסגעבויטעט מעהר ווי אלע ארבייטער. אין אלע פאכען איז שוין די ארבייטס צייט נארמירט, דא ווענדעט עס זיך ביזהער נור פון גוטען, אדער ריכטיגער שלעכטען ווילען פון די פרינציפּעלער; איבעראל ווייס דער ארבייטער וואס קומט דעם מייסטער, דא הערשען נאך פאטריאכאלע בעציהונגען, וועלכע די פרינציפּעלער נוטצען אבער ריקזיכטסלאז אויס. ווייטער האט ער ארומגעשפּראכען די טאקטיס פון די „פועלי ציון“, וואס זיטצען או.ף צוויי בענקלעך און וועלכער זענען דריבער ווי א שטיין אויפ'ן וועג פון ארגאניזאציע; ער איז ארויסגעטראטען שארף געגען די מליץ יושרים פון דעם „יודישען קאפּיטאל“, וואס געפינען אונטער דער ערד זכיות וואו עס האנדעלט זיך נור אום א ציוניסטישען פרינציפּאל. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זיי זענען אלע געוועזן אויף דער פערזאמלונג האבען זי ניט געענטפערט אויף די שווערע פארוואורפען.

נאכהער האט געשפּראכען א פיעלע שטונדע גענ. לאנדא אין נאך מעהרערע האנדעלס אנגעשטעלטע. מיט דער ארבייטער ליעד אויף די ליפּען האבען די ארבייטער פערלאזען דעם לאקאל. עס איז אויך געוועזן א דעמאנסטראציע. די טארנאווער פאליציי, וועלכע איז אזוי גוט געוואגען צו די טארנאווער לאבו־זעס, קען ניט איבערטראגען קיין סאציאליסטישע דעמאנסטראציע; זי האט אלזא אינטערוועגירט און איינינע איינגעשפּערט, אבער גלייך הערויסגעלאזען. מיר גלויבען, אז פיעלייכט שוין איצט וועלען די האנדעלסאנגעשטעלטע ערוואַ־כען פון זייער טרוים. זיי זעהען דאך איין, אז אויך דאס איז ניט דער ריכטיגער צוועק זעלבסט־שטענדיג צו ווערען, צו הייראטען, נעהמען 2000 קראנען נדן און באלד צו באנקרוטירען. זי זעהען, אז עס איז נויטהיג, זיך צו איינע גוטע עקזיסטעניץ צו גרינדען, ניט צולאזען זיך אויסבויטען אין דער בעצאהלונג און ניט ארבייטען קיין 14 שטונדען טעגליך.

איך קען דא א שניטווארען הענדלער ה. אברהם טהארן, וועלכער ווארפט דורך יעהרליך דאס מינדעסטע פיערמאל הונדערט טיזענד קראנען, און וועלכער האט ביז 50 טויזענט קראנען הכנסה. דער קויפמאן בעשעפּטיגט צוויי אנגע־שטעלטע און צוויי בורשען. איינער איז שוין פערהייראטעט און אויך צונלייך רייזענדער. דער בעקומט א מאנאט געהאלט 60 קראנען. דער צווייטער בעקומט א יעהרליכען געהאלט 380 קר. אזא געהאלט גלויב איך קען קוים גענינען אויף טרוקענעם ברויט. און דאס זענען שוין גוטע שטעלען. איך וואלט געקענט אויסרעכענען א גאנצען צעטעל פון געשעפטען, וועלכע כויטען אויס זייערע

— איהר מיינט... אלע מאל וועט אנגעהן אייער פילאזאפיע „יעדערער פאר זיך“?

אז איך פערשטעה ניט — האט קליינמאן שוין געזאגט צו זיך — אז מענ־שען האבען ניט וואס צו טהאן... מאכען זיך אליין אן קאפּדרעהעניש....

— וואס רעדסטו גלאט, זשעניע? — איז [...]ין דער סטודענט אין כעס גע־ווארען — פון וועמען רעדסטו? אזוינע מענשען ווי קליינמאן איז א מצוה צו שלא־גען... איך אליין וואלט איהם אויך געשלאגען... פאר אזוינע זענען גוט פאגראָ־מען... זיי ווערען דאמאלסט לעבעדיגער א ביסעל... זיי הייבען אן צו דענקען...

נאר יעפים לאזארעוויטש האט פערטריעבען פון זיך יעדען געדאנק. ער האט אלץ זיך איינגעשמועסט, דאס עס וועט קיין זאך ניט זיין, און ער האט ניט, וואס צו בעאונרוהיגען זיך...

און די ידיעות וועגען פאגראמען זענען אלץ געווארען עפּטער און עפּטער...

— שוין נאהענט... לעבען אונז שוין — האט גענומען טראכטען קליינמאן — נאר ביי אונז וועט אפשר נאר ניט זיין?

און איינמאל אין א'ן אבענד האט ער געהערט ביי זאלצבערג'ען דערצעהל־ענדיג דאס די אנטיסעמיטען האבען פערשפּרייט איבער'ן שטאדט פּראקלאמאציעס, אין וועלכע זיי רופען די קריסטליכע בעפעלקערונג זיך נוקם צו זיין אן די "זשידעס"...

ביי קליינמאנען האט אנגעהויבען צו קלאפּען אין הארצען. דאס איז געוועזן דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען.

ער איז געקומען צו זיך אהיים ווי א צוטומעלטער... ער האט זיך פארגעסען אויסצוטהאן אפילו דעם שווארצען סודרוט און גלייך אין איהם האט ער זיך א ווארף געטהון אויפ'ן סאפקע...

— א פאגראם.... — האט ער געטראכט — קען דאס זיין? אה... אה... אזוי רוהיג ביז אהער געוועזן!

ער האט געוואלט זיך בערוהיגען, נאר פאר זיינע אויגען האט זיך אין דער לופטען ארומגעטראגען דער ווארט: „פאגראם“ מיט גרויסע ווערטער... אין די אויערן האבען איהם געקלונגען קרעכצען און געשרייען... פאר די אויגען האבען זיך איהם געטראגען צוקלאפּטע קעפּ, איבערגעבראכענע זייטען, ארויסגעשטאָכענע אויגען, אויסגעריסענע ציינער...

— מען דארף גאר פון דאנען ערגעץ אוועקפאהרען... ס'איז דאך דא א סכנות־נפשות צו בלייבען — האט ער ווי געוואלט בעשליסען ביי זיך.

ער איז אויפגעשטאנען און האט זיך גענומען אויסטהון. ער האט זיך גע־ליינט שלאפען, ער האט זיך געוואלט פערגעסען אן אלץ. נאר ער האט זיך גע־ווארפען די גאנצע צייט פון איין זייט אויפ'ן אנדערן און האט בשום אופן ניט גע קענט איינשלאפען.

— אפשר שרעק איך זיך גלאט אומויסט? אפשר וועט גלאט גארנישט זיין? — איז איהם דורכגעלאפען א געדאנק אין קאפּ — מאלע וואס מען רעדט... נאר שדים ווייסען, וואס דאס איז... ס'איז עפּעס אהן א סוף... אלץ פאגראמען און פאגראמען.

ער האט זיך אלץ געווארפען פון איין זייט אויף דעם צווייטען. האט צו־געמאכט פעסט די אויגען, האט זיך געמאכט ווי ער שלאפט...

— מען מוז פארט פאהרען... ניטא קיין אנדער וועג... דא איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען... — האט ער ווייטער גענומען טראכטען.

— און אפשר וועט טאקי גארנישט זיין? — האט ער שטיל ארויסגערעדט.

ער האט בשום אופן ניט געקענט איינשלאפען...

און זייט דעמאלט האט זיך ביי איהם אנגעהויבען א רייהע שלאפלאזע נעכט און זיין רוה איז געשטערט געווארען...

(פ. א. ש.)

עס האָט זיי געבראַכט די ק. אונד ק. פּאָליציי, אַרעסטירענדיג אַ שניידער ’ונגעל (איך האָב וועגען דעם געשריבען אין איינער פֿון די פֿאָריגע קאָרעספּאָנדענצען), האָבען מיר שוין יענע וואָך געהאַט נייע פֿעללע, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט בלוט־פֿערגיסונג.

שוין שבת דעם 23 יולי, נאָך דער אָבגעהאַלטענער פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג אויף וועלכער געג. דאַשינסקי האָט רעפֿערירט „די איצטיגע לאַגע אין אייראָפּא“ האָט ניט קיין סך געפֿעהלט. עס זאָל זיך בלוט גיסען, אין דער צייט פֿון דעמאָנסטראַציאָנס־צוג פֿון דעם ראַטהויז־זאַל, וואו די פֿערזאַמלונג האָט שטאַטגעפֿונען. ניר דאַמאַלס האָט דאס ווילדקייט פֿון אונזער ליבליכער פּאָליציי מיט איהרע פֿאַרגעזעצטע צום „הויכען פּינטעלע“ ניט געשטיגען און די דעמאָנסטראַציאָן האָט זיך געענדיגט מיט טרוקענע שטאַרקערייען און פֿוסטרעטונגען. דאַגעגען זונטאַג בשעת דער דעמאָנסטראַציאָן פֿון דעם שלאָסבערג, וואו עס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען איין אַנדאַכט פֿון די פּוילישע רעוואָלוציאָנערען: קאַפּושצינסקי און ווישניעווסקי, איז שוין ביי די היטער פֿון דעם בירגערליכען גוט די „אינטעליגענץ“ „העכער“ געוואָרען און זיי האָבען געוויזען, ווי אַזוי מען צוטרייבט די „האַלאַטע“, וועלכע שטערט די רוהע און די „רוהע־אָבהאַלטען“ האָט זיך געענדיגט מיט צוועלף פֿערוואונדעטע, פֿון וועלכע דריי ליגען אין שפּיטאַל שווער פֿערלעצט.

אָבער ניט נור אויף אַ דעמאָנסטראַציאָן ווערען די אַרבייטער פּראָוואָקירט פֿון דער פּאָליציי, נור אויף יעדען שריט און טריט זוכט זי די אַרבייטער אויפֿצורעגען. ווי צ. ב. זי האָט איינגעפֿיהרט אַ קליינעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד און לאָזט ניט קיין דריי מענשען שטעהען אויף דעם זאָ גענאַנטען „טויער“ און ווען איינער זאָל אויף אַ פּאָליציאַנט נור אַ קרימען קוק געבען איז ער שוין אַרעסטירט און מען פֿיהרט איהם שוין ווי דעם גרעסטען פֿערברעכער. דאַגעגען אָפֿיצירען מעגען גאַנצע שטונדען אויף דעם אויבענדערמאַהנטער פּלאַטץ און טראָטואַרען אָבשטעהען, דאַרף מען זיי נאָר ניט זאָגען. די אַלע צושטענדע העררשען זייט דער לעבל. שטאַטהאַלטער האָט אונז צוריקגעשיקט דעם קאָמיסער סאָכאַנסקי, וועלכער ליענט יעדען פּשעמישלער אַרבייטער אין די געדאַנקען נאָך פֿון די מיליטער־פּראָצעסען. נור ווען דער שטאַטהאַלטער מיט זיינע פּאָליציי קאָמיסערע ווילען אַ קאַמפּף, וועלען זיי איהם האָבען, נור שוין צופֿאָר מאַכען מיר אויפֿמערקזאַם, אַז פֿאַר אַלע פּאַסירונגען, וועלכע קענען פֿאָרקומען, וועט זיין שולדיג די רעגירונג, ווייל נור זי וויל דאָס...

ז...ן

סאמבאר אם 4 יולי 1905.

עס איז בעגרייפֿליך, דאָס אין דער בורשואַזנער געזעלשאַפֿט, וואו אַלעס אָהן געדאַנקען אין אָהן פֿערשטאַנד, נור מיט געלד צושטאַנדע קומט, געפֿינען זיך פֿערשידענע פֿאַלשע דאָקטוירים און נביאים, וועלכע די סאָציאַלע קראַנקהייט מיט מעדיצינען און שיינע רעדען היילען ווילען. זיי זענען נישט אימשטאַנדע צו פֿערשטעהן, דאָס עס איז נישט תמיד אַזוי געוועזען אַז מיר האָבען זיך פֿאָן דער אַנטיקער אין די פּעאידאַלע, פֿון דער פּעאידאַלער אין די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט ענטוויקעלט. וועט עס דען ביי דער קאַפּיטאַליסטישען געזעלשאַפֿט׳ס אָרדנונג בלייבען, די דער קוועל אַלער אונגערעכטיגקייט איז? אַם ליעבסטען וואָלטען זיי געהאַט, זיי זאָלען קענען דאָס ראָד פֿון דער ענטוויקלונג צוריקהאַלטען עס זאָל בלייבען ווי עס איז, אָדער ערקלעהרען זיי דאָס די היינטיגע צייט, איז די בעסטע פֿון אַלע צייטען דען מען קאָן פֿריי פֿאַר הינגער שטאַרבען... דער פּראָלעטאַריאַט זעהט אַרויס, דאָס עס קען און וועט אַזוי נישט בלייבען. מיר אין גאַליציען לעבען אין פֿערהעלטניסע, די נאָך נישט יעדען קלאָר ערשיינען לאָזען, אייב מיר געפֿינען זיך שוין אין דעם קאַפּיטאַליסטישען גהינם. אַזוי איז צו בעגרייפֿען פֿאַר וואָס זיי האָבען זיך ביי אונז דאָס נאַציאָנאַלע געביעט אָפּגעזיכט, אום די אַרבייטער פֿון זייער הויפּט ציעל אָבצילענקען, — ווי עס פֿין אַנפֿאַנג פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג, איבעראַל דער פֿאַל געוועזען..

דאָס נאַציאָנאַלע געביעט לאָזט שיינבאַר קיין אונטערשיעד צו, דען עס איז דאָ דער געמיינזאַמע פֿיינד. איז די יודען פֿראַגע איינע סאָציאַלע אָדער נאַציאָנאַלע פֿראַגע? מיינער אַנזיכט, איינע סאָציאַלע, דען די יודען פֿראַגע קען זיך אין דער קאַפּיטאַליסטישען געזעלשאַפֿטס אָרדנונג נישט לעזען, ווי זיך אַנדערע נאַציאָנאַלע פֿראַגען געלעזט האָבען. די ציוניסטען, איין טייל פֿון דעם קליינבירגערטום וועלכעס געפֿינט זיך אין אויפֿלעזונג, ווילען די יודען פֿראַגע מיט אַנדערע מיטלען היילען.

זיי געפֿינט דאָס היסטאָרישע לאַנד, אָדער אַ אַנדער שטיקעל ערד, די יודען ניי צובעלעבען. זיי הייבען שוין אָן צו פֿערשטיין, דאָס זיי האָבען זיך טועה געוועזען, און דאָ הייבט זיך זייער אמת׳דיגער ציעל, נישט דאָס יודענטום צו בעפֿרייען, נור די אַרבייטער צו בעשווינדלען, דאָס איז זייער ציעל. דאָס יודישען פּראָלעטאַריאַט די אויגען צו פֿערזייפֿען האָבען זיי זיך אַ פּראָגראַם פֿול מיט דעמאַגאָגישע פֿראַזען צוגעשניטען, די ציוניסטישע בעל הבתים פֿערגעסען נור, דאָס דער אַרבייטער מיט זיין קלאַסען געפֿיהל וועט זיי קיין מאָהל נישט אויף דעם ליים גיין, זענען זיי סאָציאַליסטען, ווי זיי בעהויפּטען מוזען זיי גלויבען אין דער וועלט בעפֿרייענדע אידעע פֿון סאָציאַליזמוס, נאָך זייער פֿערשטאַנד קען דער סאָציאַליזמוס אַלע מענשען בעפֿרייען, נור די יודען נישט! זאָל ווער זאָגען. דאָס זיי האָבען נישט געהירן אין קאָפּף. אַם 23 יולי האָבען די יודישע נאַציאָנאַלע שטודענטען איינע אַנדאַכט פֿיר ד״ר הערצל פֿעראַנשטאַלטעט. דער ציוניסטישע בעל הבית הערץ אויס

---

דער צייט אויך געמאַכט זיך אַ „פּאַסענדער“ שדוך און ער וואָלט פּעלליכט אַזוי אויך איינגעאָרדענט זיין פֿאַמיליען־לעבען... נאָר דאָ האָט עפּעס געטראָפֿען און יעפּים לאַזאַרעוויטש׳עס רוהע איז געשטערט געוואָרען.

אויף דער גאַנצער יודישע „מטערטא“ איז אַרויפֿגעפֿאַלען דער פּחד פֿאַר פּאָגראָמען. יעדע שטאָדט און שטעדטיל האָט זיך געשראָקען, דאָס אויך איהר זאָל ניט טרעפֿען דער גרויזאַמער אונגליק, און דיזער שרעק איז אויך אָנגעפֿאַלען אויף דער שטאָדט, וואו יעפּים לאַזאַרעוויטש האָט געוואָהנט. וואו מען איז געגאַנגען, וואו מען איז געשטאַנען האָט מען גערעדט וועגען פּאָגראָמען. די גאַנצע יודישע בעפֿעלקערונג האָט זיך אויפֿגעחאַפּט, און יעדערער האָט גענומען פֿיהלען, דאָס אויסער זיינע פּריוואַטע אַלטעגליכע אינטערעסען, האָט ער אויך געמיינשאַפֿטליכעס מיט אַן אונטערדריקטער, געיאָגטער גרופּפּע מענשען, וועלכע הייסט „יודישע פֿאָלק“.... ביי יעדערען האָט זיך געשטעלט די גרויזאַמע פֿראַגע: „וואָס טהוט מען? יעדער טהייל פֿון דער יודישער פֿאָלק האָט געזוכט נאָך זיין דרך אַ לייזונג צו דער פֿראַגע...

די ערשטע צייט האָט יעפּים לאַזאַרעוויטש לחלוטין גאָרניט געטראַכט, און טאָמער פֿלעגט איהם ווער דערמאַנען און שטעלען איהם די פֿראַגע: „וואָס טהוט מען?“ פֿלעגט ער צופֿריעדען נעהמען שטאַמלען:

— אוהום... צו אונז איז נאָך גאַנץ ווייט... דאָס איז אַלץ אין יענע מקומות...

נאָר דאָ זענען געוואָרען די ידיעות וועגען פּאָגראָמען אַלץ עפֿטער און עפֿטער...

יעפּים לאַזאַרעוויטש איז געזעסען אַזוי איינמאָל ביי זאַלצבערג׳ען. מען האָט דאָרטען גערעדט וועגען די פּאָגראָמען און וועגען די מיטלען וועלכע מען קען אָנווענדען דערצו. מען האָט שטאַרק דעבאַטירט, געקריגט זיך... יעפּים לאַזאַרעוויטש איז געזעסען ווי אַלע מאָל, שטיל, שטום. אַזוי ווי עס איז ניט זיין באַבעס עסק.

— יעפּים לאַזאַרעוויטש! — האָט זיך צו איהם געווענדעט זשעניע זאַלצבערג — איך אינטערעסירט אפּנים קיין זאַך ניט... ווי עס ווייזט אויס, זייט איהר אַ׳ן אָבגעלעבטער מענש...

— אוהום... — האָט געשמייכעלט קליינמאַן.

— פֿערשטעהסט, זשעניע — אויף דער וועלט זענען פֿאַראַן אַזוינע מענשען, וואָס מיינען, אַז אַלץ איז גוט איינגעאָרדענט... זיי אַנטלויפֿען פֿון יעדען טומעל. פֿערשפּאַרען זיך אי׳ן זייערע הייזער. פֿערמאַכען טיר און לאָדען, און זיי זעהען ניט און הערען ניט, וואָס עס טהוט זיך... דער אונגליק, מיינען זיי, וועט זיי פֿאַרבייגעהן און וועט זיי ניט טשעפּען...

יעפּים לאַזאַרעוויטש האָט פֿערדעכטיג אַ קוק געטהאָן אויף׳ן סטודענט און צוגעשמייכעלט.

— וואָס וועט איהר טאַקי טהאָן, ווען ביי אונז וועט זיין אַ פּאָגראָם? — האָט איהם זשעניע געפֿרעגט.

— וואָס וועל איך טהאָן? — האָט קליינמאַן איבערגעפֿרעגט — אוהום.... אַז ביי אונז וועט נאָר ניט זיין... מען שרעקט זיך גלאַט אומזיסט... ס׳איז ניטאָ וואָס צו ריידען וועגען אַזאַ זאַך וואָס וועט ניט זיין...

— פֿאַרוואָס זאָלט איהר ניט צושטעהן צו דער „סאַמאָאָבאָראָנע?“

— אוהום... — האָט קליינמאַן געשטאַמעלט.

— וואָס „אוהום“? — איז שוין זשעניע אויפֿגערעגט געוואָרען — וואָס מיינט איהר צו זאָגען דערמיט?

— איך מיין... איך מיש זיך ניט אין אַזוינע זאַכען....

— וואָס הייסט, איהר מישט זיך ניט? אַלץ זייט איהר דאָך אַ יוד...

— יאָ... אַ יוד... אָבער צו וואָס איז נאָך די חברות? גאָרנישט, יעדערער פֿאַר זיך... וועט בעסער זיין...

# Do Ameryki i Kanady!

przeprawia **najtaniej i najlepiej** pospiesznymi i pocztowymi, wprost bez żadnego przesiadania z okrętu na okręt:

Generalny agent

## M. G. Freudberg, ANTWERPIA 10. Van Leriusstraat (Belgia)

Odjazd do **Nowego Yorku** co sobotę; do **Kanady** co 10 dni!

Wikt najlepszy, usługa staranna.

Niechaj nikt pierwej nie jedzie za morze, zanim od tej Agencyi nie otrzyma wyjaśnień i cennika, który wysyła się chętnie i darmo.

---

# גענאסען! העלפט די טלית מאכער אין קאלאמעא.

פון קאלאמעא בעקומען מיר דעם פאלגענדען אויפרוף!

גענאסען! מיר האבען אייך מיט אונזער עלענד בעקאנטגעמאכט און מיר האבען אייך איינען טהייל פון אונזערע צרות געשילדערט, מיר בעטין אייך נאך איין מאהל, זאל אייך אונזערע לאגע אינטערעסירען; פעראנשטאלטעט איבעראל זאמלונגען און העלפט אונז אין אונזער נאטה.

געלדער זינד צו זענדען אן אדרעסע:

Jozef Oster Kolomea Bezirkskrankenkasse

---

# די אידישע ארבייטער ביבליאטעק

פון

דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי.

| | |
|---|---|
| גן-עדן התחתון. פרייז: | 2 העלער. |
| קאוטסקי. די אונאבהענגיקייט פון פוילען. פרייז: | 10 „ |
| פייגענבוים. ווי קומט א יוד צו סאצ.? פרייז: | 20 „ |
| א. ווראנסקי. די אידען אין פוילען. פרייז: | 10 „ |
| ש. דיקשטיין. פון וואס איינער לעבט. פרייז: | 20 „ |
| וואס יעדער ארבייטער דארף וויסען און געדענקען. | 30 „ |
| ליעבקנעכט. די וואהרהייט איבער דעם סאצ. | 30 „ |
| די ארבייטער רעוואלוציאן. פרייז: | 15 „ |
| א. דעמבסקי. סטאניסלאוו קוניצקי. פרייז: | 10 „ |
| מ. מיכלזאהן. הערשעל דער שניידער. פרייז: | 10 „ |
| לאטארניק. יאראסלאוו דאמבראווסקי. פרייז: | 10 „ |
| שפיאן. פרייז: | 15 „ |
| לאטארניק. די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן. | 20 „ |
| ב. א. י. לורוויג ווארינסקי. פרייז: | 20 „ |
| אמעריקאנער. פיל יפינא פלאסקאוויצקא. פרייז: | 10 „ |
| ארבייטער געדיכטע. פרייז: | 30 „ |
| ב. א. י. אוגוסט בלאצקי: פרייז: | 10 „ |
| א קלארער ענטפער (ביילאגע צום 8-טען נומער „ארבייטער"). פרייז: | 15 „ |
| די ארבייטער סאלידאריטעט און דער קאמפף אום דאזיין. פרייז: | 10 „ |
| פערדינאנד לאסאל. פרייז: | 15 „ |
| מ. מיכלזאהן. טאדעאוש קאשציושקא. פרייז | 20 „ |
| ב. פייגענבוים. דער רעכטער וועג. א ויכוח וועגען די פוילישע סאציאליסטיש פארטיי און איהרע פאדערונגען, אין צוויי טהיילען. פרייז: | 80 „ |

די אלע בראשורען ווי אויך אלע פוילישע אויסגאבען פון פ. פ. ס. זיינען צו בעקומען אין דער אדמיניסטראציאן פון „פשעדשוויט" Kraków, Grodzka 50.

---

# די ביללינגסטע בעצוגסקוועללע

אין 1 טען איהרען, גאלד און זילבער, ביזשוטערי, אוהרען־בעשטאנדטיילע אין ווערקציינגע, ווי אייך מוזיק־אינסטרומענטע איזט ביי

## IGNATZ CYPRES, Krakau.

FLORYAŃERGASSE 49.

איינע ניקעלטאשענאוהר מיט 36 שטיק פרימא ווערקע מיט אויפשריפט „סיסטעם ראסקאפף" מיט דרייאיעהריגער גאראנטיע זאמט שענער ניקעלקעטע און לעדערבייטעל פל. 1.95.

ביי אבנאהמע פון דריי שטיק פל. 5.50, זעכס שטיק פל. 10.—.

רייך איללוסטרירטער פרייז-קוראנט מיט 800 אבבילדונגען גראטיס און פראנקא.

אגענטען ווערדען געזוכט!

---

# Ostrzeżenie!

**przed bezwartościowemi naśladownictwami!**

# KUNEROL

z poręczen. najczyściejszy tłuszcz roślinny z orzechów kokosowych zawierający 100% tłuszczu. — Żądać „KUNEROLU“ w każdym lepszym handlu spożywczym. Do miejscowości, gdzie niema „KUNEROLU“ wysyłamy na próbę około 5 kilogr. brutto po cenie Kor. 6·50 opłatnie do każdej stacyi poczt austr. węg. za zaliczką. — Dla hurtowników specyalne ceny. Broszurki i świadectwa lekarzy darmo.

**Najstarsza i największa fabryka tłuszczu roślinnego w monarchii**

## Emanuel Khuner & Sohn

Wien, XIV/2.

---

# Darmo i opłatnie

otrzyma każdy mój bogato illustrowany cennik

## Instrumentów muzycznych

oraz różnych zabawek

## A. Scheuer, Kraków

ulica Grodzka L. 59/6.

אנגעשטעלטע, וועלכע זויגען אויס זייער בלוט און מארך און ווארפען זיי נאכ־הער ארויס ווי אנ׳אויסגעקוועטשטען ציטרין, נור איך מיין, אז די אנגעשטעלטע ווייסען עס אליין גוט. יעדער איינציגע קען זיין אויסבויטער. און דאס געוונט איהם. שטעהט אויף האנדעלס אנגעשטעלטע פון אייער טיעפען שלאף און פערבעסערט אייך אליין אייער לאגע. אם אין אני לי מי לי.

א. ש.

# כראניק.

## דער צייט־גייסט.

דאס וועט זיין דער נאמען פון דער וועכענטליכער צייטונג, וואס דער אמעריקאנער „פארווערטס" וועט אנהויבען ארויסציגעבען פון דעם 2=טען סעפטעמבער אן.

דער „צייט=גייסט" וועט יעדע וואך ארויסברייננגען דאס בעסטע און אינטערע=סאנטסטע, וואס עס איז דא אין דער ליטעראטור, אין דער וויסענשאפט און אין אלע אנדערע זאכען, וואס האבען צו טהאן מיט אויפקלעהרונג. דער „צייט=גייסט" וועט ענט=האלטען 24 זייטען יעדע וואך — אלע אנגעפילט מיט ליטעראטור, סאציאליזמוס און וויסענשאפט.

אזא בלאט דארף יעדער פארטגעשריטענער מענש העלפען וואס מעהר פער־שפרייטען, און מיר האפען אז אונזערע לעזער וועלען אזוי טהאן. זאל זיך דער „צייט=גייסט" געפינען אין יעדער יודישע הויז, און ער וועט טהאן די ארבייט פון לעקציעס און אויפקלעהרונגס רעדען אין אלגעמיין.

דער „צייט=גייסט" וועט האבען ארטיקלען פון די בעסטע יודישע שרייבערס פון אמעריקא און רוסלאנד. ער וועט אויך דרוקען איבערזעצונגען פון אלע גרעסטע וועלט=שרייבער. דעם אינהאלט פון אזא צייטונג קען מען זיך אלזא לייכט פארשטעלען.

## אם אין אני לי מי לי.

די ציוניסטען ווייזען אויס זעהר צו האלטען פון דעם ווערטעל, אפילו אויפ׳ן „קאנגרעס" האבען זיי באלד אויפ׳ן צווייטען טאג פון זייערע בעראטהונגען געברענגט אויפ׳ן טאגעס ארדנונג א זעלכעס, וואס זאגאר א קאנגרעס פון לויטער רביים, וואלט זיך דאס געשעמט צו פערעפענטליכען; נעמליך זיי האבען פשוט פערזאגט אלע ציונ׳ס=מיטגליעדער אז... זיי זאלען אויפהערען גיין טאג צו לעבען, איהר לאכט? אבער דאס איז גאר נישט קיין געלעכטער, דאס איז נעבעך א טרויריגע ווארהייט, אונזערע ציוניסטען האבען נעביך געמוזט היינגערן (?) גאנצע ניין טאג...

די „סעפעראטע" אויסגאבע פון דער „וועלט" ברענגט פאלגענדעס: „די רומענישע לאנדסמאנשאפט האט פאלגענדען אנטראג פארבערייטעט אום דער קאנגרעס זאל איהם בעשליסען: „אזוי ווי דאס יודישע פאלק איז פון זיין היימאט בערויבט געווארען אין די טעג פון ערשטען אב ביז׳ן ניינטען (תשעה באב) אזוי איז די הייליגסטע פפליכט פון יעדען גוטען און איבערצייגטען ציוניסט צו ערפילען:

פון 1—9 אב (2—10 אויגוסט) יעדע אויסגאבע פאר ענטבעהרליכע געניסע, ווי וויין, טאבאק, קארטענשפיעל און אנדער טעגליכע געוואהנהייטען (?) צו ערשפארען און דיזעלבע דעם „נאציאנאלפאנד" צו אפפערען.

טהעאטערן און פערגעניגונגס לאקאלען צו מיידען א. ז. וו. א. ז. וו.

ארימע ציוניסטען נעבעך! דורך ניין טאג עסען אבשפארען ווילט איהר רייך מאכען דעם נאציאנאלפאנד...

# די ארבייטער וועלט.

## א סוף פון די „שווארצע ליסטען".

איבער די „שווארצע ליסטען" האט דער העכסטער טריבונאל ארויסגעגעבען זעהר א וויכטיגען פאר די ארבייטער פסק. ווי עס איז בעוואוסט, פלעגען די מייסטער רודפ׳ען די סאציאליסטישע ארבייטער דורך דעם, וואס זיי פלעגען זיי ארויף שטעלען אויף דער שווארצע ליסטע. ווער עס איז געשטאנען אויף דער ליסטע, דער האט שוין קיין ארבייט ניט געקענט בעקומען. אין וויען האבען די בעקער־מייסטערס געמאכט אזא ליסטע און פיעל בעקער־ארבייטער האבען דעריבער קיין ארבייט ניט געקענט קריגען. זיי האבען דער־ריבער איינגעקלאגט די מייסטער. דער משפט איז דורך אלע אינסטאנציעס ביז דעם העכסטען טריבונאל, וועלכער האט דעם 20־טען יוני 1905 בע־שטראפט די מייסטער, זיי זאלען בעצאהלען די ארבייטער דעם היזק.

דעם פסק פון דעם העכסטען טריבונאל וועלען הונדערטער טויזענד ארבייטער בעגעגענען מיט פרייד. דער פסק וועט מאכען א ענדע צו די „שווארצע ליסטען", וועלכע האבען טויזענדער ארבייטער־פאמיליעס פער־אורטהיילט צום הונגער־טויט.

מען דארף בעמערקען, אז דעם זעלבען פסק האט ארויסגעגעבען דאס דייטשע „רייכסגעריכט" נאך פאר א יאהרען.

### די סאציאליסטען און די אויסלענדישע פאליטיק.

גענאסע האינדמאן פון ענגלאנד האט פארגעשלאגען די אינטערנאציא־נאלע סאציאליסטישער ביורא אז א מיטינג פון דער ביורא זאל אבגעהאלטען ווערן פריהער ווי געוועהנליך כדי זיך מישב צו זיין וועגען דעם סכסוך וואס איז אין דער לעצטער צייט ארויס צווישען ענגלאנד, פראנקרייך און דייטש־לאנד.

די ביורא האט געענטפערט אז אנשטאט דעם וואלט געווען גלייכער אז מען זאל נאכטהון דעם ביישפיעל פון איטאליען און עסטרייך־אונגארן און צוזאמענרופען א ספעציעלע קאנפערענץ פון יענע סאציאליסטישע פאר־טייען אין וועלכע עס זאלען אנטהייל נעהמען וואס מעהר פארשטעהער פון יעדע פארטיי.

### אזוי טהוט א סאציאליסטישע געמיינדע.

אין קאראַרא (איטאליען) האבען די בעלי־בתים פון דער שטאדט־באהן געמאכט א לאק־אוט נעגען א סך אנגעשטעלטע אויף דער באהן. די סא־ציאליסטישע שטאדט־רעגירונג האט אויפגעפאדערט די אונטערנעהמער זיי זאלען זעהן, אז די באהן זאל ווידער ארבייטען רעגולער. און אזוי ווי די אונטערנעהמער האבען עס ניט געטהון האט די שטאדט רעגירונג אליין איבערגענומען די באהן אין איהרע הענד און האט אנגעשטעלט די אלע, נעגען וועלכע עס האט זיך געפיהרט דער לאק־אוט.

### ארבייטער ווילען דורכפיהרען די פוילישע שפראך.

די אנגעשטעלטע פון וויענער, לאדזשער און קאלישער אייזענבאהנען האבען בעשלאסען צו געברויכען אין דער פיהרונג פון דער אייזענבאהן די פוילישע שפראך, גאנץ ענאל אויב די רעגיערונג אנערקענט דאס אבער ניט. און אויב אימיצער וועט דערפאר בעשטראפט ווערען, דאן זאלען זיי אלע אוועקלייגען די ארבייט און ארויס אין סטרייק.

# די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד און אין רוסיש־פוילען.

## א בונט פון א רוסישען רעגימענט אין לובלין.

צום „ארבייטער צייטונג" דעפעשירט מען: דער קאמאנדיר פון דער לובלינער בריגאדע, גענעראל רעמיטש איז ערשיענען דעם 3־טען ד. מ. פאר דעם פראנט פון דעם איצט מאביליזירטען אינפאנטעריע־רעגימענט ביעלאווסקי און מודיע געווען, אז דער 14־טער קארפוס, צו וועמען דער רעגימענט געהער, געהט אין די מאנדזשוריע. ער אליין אבער קען דעם קארפוס אין פראנט ניט בעגלייטען. עס האבען זיך גלייך געלאזט הערען פון די רייהען רופען: „נידערטרעכטיגער, בעל פחדן!".

דער גענעראל איז צוגעגאנגען מיט א רעוואלווער אין האנד צו דער קאמפאניע און האט זיך אנגערופען צו א קאפראל: „זאג מיר אין דעם אויגענבליק, ווער פון דיינע לייט האט דאס אויסגערופען!"

דער קאפראל האט געענטפערט: „פון אונזער קאמפאניע האט קיינער ניט גערופען".

„דו זאגסט ליגען", האט זיך דער גענעראל געקאכט און האט אויס־געשאסען אין קאפראל. נאך ניט צופרידען דערמיט, האט דער גענעראל רעמיטש געציעלט נאך אמאל אין טויטען קערפער, ער האט אבער ניט געטראפען דעם קאפראל נור דעם הויפטמאן פון דער קאמפאניע, וועלכער איז געפאלען טויט. אין איין מאמענט האבען זיך די זעלנער אוואַרף געטהון אויף דעם גענעראל און אין איינעגע אויגענבליקען זיינע פון איהם געבליבען נור בלוטיגע שטיקער פלייש. די אבערסטען פון 71 און 72־טען אינפאנטעריע־רעגימענט האבען גערופען צו הילף קאזאקען, אבער ווען זיי האבען געוואלט אטאקירען די אינפאנטעריע טרופע, האט מען זיי עמפפאנגען מיט א סאלווע.

130 קאזאקען זענען געבליבען טויט. דער קאמאנדיר פון 71 אינפאנטעריע־רעגימענט האט פון זיינע אייגענע זעלנער ערהאלטען א שאס דורך די ברוסט און מען האט איהם געמוזט גלייך אוועקפיהרען.

אויף מארגען איז געקומען פון לובלין דער דיוויזיאנס־שעף גענעראל סמירנאוו, וועלכער האט נאך לאנגע איבערלעגונגען און בקשות קוים געפועל׳ט, די צובונטעווע זעלנער זאלען ארויסגעבען די צוריסענע שטיקער פון דעם גענעראל רעמיטש.

## בריעף־קאסטען.

ל. ש. פשעמישל. די דעמאנסטראציע האט שוין בעשריבען גענ. ז...ן. איבער געווערקשאפטליכע אנגעלעגענהייטען מוזען מיר האבען א סטעמפעל פון פעראיין.